# A ZING A SHPIL

Fishel Ber Ravitsky 1892-1940



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

פישל בער ראוויצקי

# אזינג — א שפּיל

פאר קינדער

ארויסגעגעבן דורכן מחבר

א זינג, א שפּיל,
דאָס ביזטו קינד;
א פרייער ווינט,
וואָס האָט קיין ציל.

א טאַנץ, א שפּרונג,
א לויף, א פלי,
אָן מאָה, אָן מי,
ביזט פריש און יונג.

# א בלייערנער זעלנער

רייט אַ בלייערנער זעלנער,
אויף אַ בלייערן פערד;
וויגט זיך אויף די שטאָלצן,
פאָכעט מיט דער שווערד.

ווערט דערשראָקן ס׳הינטל,
מאַכט אַ גרויס געביל,
און דאָס גראָע קעצל
מיאַוטשעט אין דער שטיל.

שפרינגט אויף ס׳ווייסע בערל
ווייסט נישט וואָס דאָ איז;
שטעלט ער זיך פאַרוווּנדערט
אויף די הינטער־פיס.

כאַפּט זיך אויף די פּופּע
פון איר טיפן שלאָף
און צעוויינט זיך ביטער,
קלאָגט און קלאָגט אָן סוף.

אַלץ איבער דעם זעלנער
אויף דעם בלייערן פערד,
ער וואַרפט אָן אַ מורא
מיט זיין בלייערנער שווערד.



ס׳איז פרייליך, לוסטיק היינט ביים שפּילוואַרג.
מען לאַכט דאָרט פּשוט ביז צום פּלאַצן;
אַ גאַסט אַ פרייליכן באַקומען:
אַ קלאָון מיט גלעקלעך און מיט טאַצן.

קוים גיט מען אים אַ קוועטש ביים נאָפּל
באַלד נעמט ער אַזוי מאָדנע זינגען;
מיט ביידע הענט די טאַצן פּאַטשן
און מיט די גלעקעלעך צו קלינגען.

ווערט לעבעדיק ביי חברה שפּילוואַרג,
עס הויבן אַלע אָן צו לאַכן;
די מאַלפּע צייט זיך אויפן שנירל,
דער קונצן־מאַכער — קונצן מאַכן.

דער פּאַיאַץ וואַרפט, פון גרויס געלעכטער,
די הענט און פיס, און מאַכט העויות;
עס לאַכט דאָס הינטל, ס׳לאַכט דאָס קעצל,
עס לאַכן, לאַכן אַלע חיות.

דאָס פערדל האָט זיך הויך צעהירזשעט,
דער בער אַוועקגעשטעלט זיך טאַנצן;
הכלל עס שטורעמט דאָס געלעכטער,
ס׳גייט האָדראָאָם די שטוב אינגאַנצן.



# אַ באַלאָן

אָנגעבלאָזן האַלט זיך הויך
אַ באַלאָן אין יינגלס האַנט,
רייסט זיך, ציט זיך, וויל אַרויף
צו דעם הימלישן לאַנד.

דאָרטן איז אַ פרייע וועלט,
ס׳פליען פייגל גאַנצע טעג,
שטיפן, מאַכן קאָזשעלקעס,
שפּילן זיך אין אַ געיעג.

פלוצלינג — דער באַלאָן דערפילט
ס׳האָט די האַנט געלאָזט אים לויז,
און דער ווינט נעמט אים אַרום,
גיט אים אונטערהויך אַ שטויס.

פליט ער, פליט ער אַזוי הויך,
ס׳לויפן קינדער זיך צונויף,
הויבן אויף די אייגעלעך,
קוקן, קוקן ווייט אַרויף.

ס׳פּיקט דאָס הערצל יעדן קינד,
קנאה גנב׳עט זיך אַריין,
אַזאַ פליענדער באַלאָן,
וואָלט איצט יעדער וועלן זיין.



## חתן כלה

כ׳האָב קאַשטאַנעס געריסן
און שוועבעלעך געקליבן;
כ׳וועל מעבל מיט דעם מאכן:
אַ טיש מיט שטולן זיבן.

פאַר מיר איינס און פאַר דיר איינס,
אַ דריטעס פאַרן העזל,
אַ פערטעס פאַרן מאָפּסל,
וואָס האָט אַ קורצינק נעזל.

דאָס פינפטע פאַר דער פּופּע,
דאָס זעקסטע פאַרן פּיקסל,
דאָס זיבעטע דעם יעגער,
דעם יעגער מיטן ביקסל.

מיר וועלן ביי דעם טישל,
אַרומזעצן זיך אַלע, —
אַ גרויסע סעודה מאַכן,
די פּופּע איז אַ כלה.

ווער ס׳איז דער חתן־בחור,
דאָס וואָלסטו וועלן וויסן?
דער יעגער מיטן ביקסל,
וואָס קען צום ציל גוט שיסן.



# ס׳פאַרשייטע הענדל *)

גערוען אַן אַלטע באָבע
מיט הערלעך ווייס ווי שניי;
האָט זי געהאַט אַ הענדל,
וואָס גיט אַ הויכן קריי:
קוקע
ריקו!
וואָס גיט אַ הויכן קריי.

---

פאַרשייט געווען איז ס׳הענדל,
ווי ס׳איז אַ פייער־פלאַם;
מיט יערן האָן געקריגט זיך,
געריסן אים דעם קאַם:
ציפּ, בייס!
פליק, רייס!
געריסן אים דעם קאַם.

---

עס ציטערן די עופות,
פאַר הענדלען אַ שרעק —
און ס׳האָט די אַלטע באָבע,
פאַרטריבן אים אַוועק:
אַנטלויף,
פון הויף!

---

*) צו דעם לידל האָט פאַרפאַסט מוזיק דער קאָמפּאָזיטאָר דוד ביינלמאַן, לאָדזש.

פאַרטריבן אים אַוועק.

---

איז אָנגעקומען ס׳פּיקסל,
פון וועלדערלע אַרויס;
און האָט פאַרצויקט דאָס הענדל,
געלאָזט די פעדערן בלויז:
כאַפּ, פליק!
אויגנבליק!
געלאָזט די פעדערן בלויז.



# אַ גערוועש



פּאַרנומען שטאַרק איז חנה,
פאַרמחיהט און פאַרשוויצט;
זי האָט אַ שווערע אַרבעט,
געוועש בײַ איר איז איצט.

זי האָט אַ סך צו וואַשן
אוודאי פופציק שטיק:
דער פופעס העמדלעך, קלײדלעך
און ס׳גאַנצע איבערציק.

אַ קלײנע באַליע האָט זי,
אַ דרינגמאַשינדל אויך;
זי זײפט און רײַבט די זאַכן
און דרינגט זײ אויס מיט כּוח.

עס טוען וויי די הענטלעך
און ס׳ברעכן איר די פּיס;
דערפאַר וועט זי גוט שלאָפן
און חלומען זיך זיס.



# אַן אויסשטעל־פענצטער

שטיי איך פאַר אַן אויסשטעל־פענצטער,
שפּיז אַריין דאָרט מיינע בליקן,
אַי, וואָס פאַרא שיינע שפּילוואַרג!
ס'איז דאָך אמתע אַנטיקן.

דאָרטן שטייט אַ פערד אַ גרויסעס,
קוקט מיט גלאָצעדיקע אויגן;
האָט אַ האָרנדיקן וויידל,
איז מיט ברוינע פעל באַצויגן.

און אַן אייזל שטייט דערנעבן,
מיט צוויי לאַנגע אייזל־אוירן
און אַרום פאַרשיידענע חיות:
מאַלפּעס, קעמלען, בערן, טכוירן.

ס'קען זיך ס'אויג נישט זאַט אָנקוקן.
וואָס איז דאָ נישט אַלץ פאַראַנען:
וועגנס, אויטאָס און ראָווערן,
מאָטאָציקלען, עראָפּלאַנען;

פייערלעשער מיט די שפּריצן
גרייט אַ שׂרפה צו פאַרגיסן;
זעלנער מיט האַרמאַטן, ביקסן —
גרייט אין שונא אויסצושיסן.

און וואָלט איך דאָס אַלץ באַקומען,
שפּילוואַרג — דאָס איז דאָך מיין לעבן;
כ׳וואָלט די בעסטע מאכלים,
שטענדיג פאַר דעם אַוועקגעגעבן.



# מויערער

מיר מויערן אַ הויז,
אַ פּרעכטיק שיינע הײם,
אָן טיפן פונדאַמענט,
אָן ציגל און אָן לײם.

אָן ברעטער און אָן האָלץ
אָן שינדלדיקן דאַך,
אָן אײַזן, אָן אַ טשוואָק —
געבויט איז דער געמאַך.

מיר דאַרפן נישט דאָס אַלץ,
אַ בערגל זאַמד נאָר בלויז.
און שטעלן מיר דאַן אויף
דאָס שענסטע גרעסטע הויז,



## וויג-ליד צו דער פּופּע

שלאָף מיין פּופּע, שלאָף און רו,
מאַך די גוטע אייגלעך צו.
וויין נישט, רוּק זיי און שטיל,
אַרבעט האָב איך היינט נאָך פיל:

כ׳דאַרף די שטוב צורוימען ריין,
ס׳שפּילוואַרג שטעלן גלייך און שיין,
דיר אויספּרעסן ס׳ווייסע קלייד,
וועש אויף מאָרגן מאַכן גרייט.

אויסוואַשן דיין אונטערראָק
און פאַרצערעווען דיין זאָק.
שלאָף מיין פּופּע, שלאָף און רו,
מאַך די גוטע אייגלעך צו,
ליו-ליו, ליו-ליו, ליו.



# ווינטער



— „הייִ, הייִ, הייִ!
אָנגעפּאַלן איז אַ שנײ!"
רופן פרײלעכע קינדער אויס,
נעמען שליטענעס אַרויס,
לאָזן באַלד זיך באַרג אַראָפּ,
גיכער, גיכער נאָר געשווינט,
ווי די רוחות, ווי ד'ער ווינט.
טרעפט, ס'פאַלט איינער אויפן קאָפּ,
ציט זיך ווער אויס אויפן בויך
און דער שניי פאַרשיט אים אויך,
מאַכט נישט אויס,
מ'לאַכט זיך אויס,
ס'טוט נישט ווייִ,
ווייך איז שניי.
מ'גיט אַ פלינקן שטעל זיך אויף,
אויפן שליטן צוריק אַרויף
און געשליטלט ווייטער זיך,
הו־האַ, גיכער גיך!



# דאָס באַנדל

עס לויפט ס'עלעקטרישע באַנדל,
ס'מאַשינדל שלעפּט און סאָפּעט שווער.
ס'איז מאַשיניסט די ברוינע מאַלפּע,
די פּאַסאַזשירן נישט בילע ווער:

די פּופּע אויסגעפּוצט ווי אַ דאַמע
זיצט אויפן בענקעלע זיך ברייט;
אוי ס'איז דאָך אַזוי גוט צו פאָרן,
דאָס קעפּעלע ווערט אַזש פאַרדרייט.

צופרידן איז אויך ס'גראָע קעצל,
ווי ס'וואָלט זיך מיט אַ מויז געשפּילט;
אַרויפגעשפּרונגען איז אויך ס'הינטל
און פון גרויס גליק זיך הויך צעבילט.

דאָס פערדעלע האָט זיך צעהירזשעט,
די רייזע שמעקט ווי פרישער היי;
דאָס בערעלע איז אַזוי פריילעך
און גייט אַ טאַנץ אויף פיסלעך צוויי.

דאָס ציגעלע האָט זיך צעמעקעט,
דאָס בערדל שאָקלט עס פאַר פרייד;
אַרויפגעכאַפּט זיך האָט אויך ס'הענדל,
און פריילעך, לוסטיק זיך צעקרייט.

דער גרינער יעגער גוט באַלאָדנט,
דאָס ביקסל אויף דער פּלייצע האַלט:
ער פאָרט אַוועק אַ יאַגד איצט מאַכן
אויף פלינקע הירשן אינם וואַלד.

עס פאָרן אַלע, חוץ דעם העזל,
אַנטלאָפן איז עס ווי אַ שד.
ס'האָט פאַרן יעגער זיך דערשראָקן
און זיך באַהאַלטן אונטערן בעט.



# אַ כינטשיק

אוי, האָב איך היינט באַקומען
אַ שפּילוואַרג אַזוי שיין:
אַ כינטשיק מיט אַ צעפּל,
וואָס שאָקלט תּמיד ניין.

כ׳האָב ליב מיט אים צו שפּילן,
דאָס גאַנצע שפּילוואַרג אויך,
עס איז דאָך אַזוי פריילעך,
מען כאַכעט, ס׳גייט אַ רויך.

גיט מיט דער נאָז דער העלפאַנט
אַ ריר דעם כינטשיקס קאָפּ,
צעשאָקלט ער זיך: ניין־ניין!
אַזש ס׳בימבלט אים דער צאָפּ.

גיט ס׳ציגל מיט די הערנער,
ביים קעפּל אים אַ שטויס,
צעשאָקלט ער זיך שטאַרקער,
ווערט ס׳לאַכן אַזוי גרויס.

אוי, איז דאָס אַ כינטשיק,
ער האָט דאָך טויזנט חן.
ער שאָקלט מיטן קעפּל:
ניין־ניין! ניין־ניין!



# פייערלעשער

כ׳האָב קיין מורא פאַר קיין פייער,
איך בין זיכער פון אַ שׂרפה:
כ׳האָב מיר בלעכערנע פייערלעשער
און אַ וואַסער=טון מיט רייפן.

הערט מען קלינגען און טרומייטן:
„ס׳ברענט!״ געוואַלדעוועט און שרייען,
מיינע בלעכערנע פייערלעשער
שטעלן באַלד זיך אויס אין רייען.

כאַפן אויף זיך די מכשירים,
שפאַנען פלינק איין פערד און וועגן,
לאָזן זיך אַהין צום פייער,
לויפן דורך פאַרשיידענע וועגן.

שטעלן אויף די הויכע לייטערס,
אַרבעטן מיט העק און שפּיצן
און מיט לאַנגע, דיקע קישקעס,
שטראָמען וואַסער גיסן, שפּריצן.

ס׳קנאַקט דאָס פייער, פירט אַ קאַמף אָן,
וויל נישט לאָזן זיך באַזיגן,
אָבער שטאַרקער איז דאָס וואַסער
און דאָס פייער ווערט אַנטשוויגן.



# דער שניי־מענטש

קוקן מיר נישט אויף קיין פראָסט,
ס׳אַרט אונדז נישט קיין בייזע קעלט,
קנעטן מיר דעם ווייכן שניי
און אַ מענטש ווערט אויפגעשטעלט.

שליסן מיר די הענט צוזאַמען,
טאַנצן לוסטיק, שפרינגען מיר,
נאָר דער שניי־מענטש, ווי אַ קלאָץ,
גיט זיך נישט פון אָרט קיין ריר.

זינגט מען לידער שאַלנדיק,
ס׳איז אונדז פריילעך גוט און ווויל,
נאָר דער שניי־מענטש, ער איז שטום,
קען נישט עפענען זיין מויל.

קוקט ווי שיין עס איז די וועלט,
אַלץ איז איינגעהילט אין שניי,
נאָר דער שניי־מענטש זעט דאָס נישט,
גלאָצט מיט אויגן־לעכער צוויי.



# איך בין...

איך בין אַ ווילער מאָלער,
אַ שרייבער און אַ למדן:
כ׳קען מאָלן און כ׳קען שרייבן,
און גאָרטן אויף די זאַמדן.

איך בין אַ גוטער בויער,
אַ טייערער געזעלן,
און קען פון ליים און ציגל
די העכסטע הייזער שטעלן.

איך בין אַ קונצנמאַכער,
איר זאָלט פון מיר נישט לאַכן,
כ׳קען אויפן קאָפּ זיך שטעלן
און קאָזשעלקעס אויך מאַכן.

נאָר איין זאַך קען איך דאָך נישט:
די שול־לימודים מאַכן;
דאָס איז אַזוי, אוי, נודנע,
איך ליב נישט אָט די זאַכן.



# אַ קאַטאַסטראָפע

אַ געוואַלט און אַ גערודער!
וואָס האָט זיך אַזוינס געטראָפן?
קעצעלע האָט זיך דערשראָקן,
שויב צעבראָכן און אַנטלאָפן.

פופע, ווידער, האָט צעוויינט זיך,
הינטעלע צעבילט פאַר שרעק זיך,
קעלבעלע האָט זיך צעמעקעט,
העזעלע אין שאַנק פאַרשטעקט זיך.

מיינט דאָס בלאָע פּאָליציאַנטל,
אַז געשען איז אַ גנבה
און די בלעכערנע פייערלעשער,
אַז ס׳איז ערגעץ־ווו אַ שרפה.

שטעלן אויס זיך גלייך די זעלנער,
גוט באַלאָדנט מיט כּלי־זין,
מיינען, אַז די וועלט גייט ווידער
אַ מלחמה׳לע באַניִען.

נאָר געשען איז דאָ גאָרנישט,
שולדיק — דער באַלאָן דער עיקר,
ר׳האָט צופיל זיך אָנגעבלאָזן,
מיט אַ קנאַק געפּלאַצט אויף שטיקער.



## דער לופט-פליער

איך האָב אַ זעג און האַמער,
אַ צוואַנג צו נעגל ציען;
און וועל מיט זיי אויפבויען
אַן עראָפּלאַן צו פליען.

איך וועל זיך זעצן פאָרנט
— איך בין אַ דרייסטער פליער —
און דו וועסט זיצן הינטן
און זיין מיין פּאַסאַזשיר.

מיר וועלן זיך אויפהויבן
איבער בערג און טייכן;
נאָך העכער פון אָדלער,
די וואָלקענעס דערגרייכן.

מיר וועלן פליען, פליען,
זיך פון דער ערד באַפרייען;
ביז מיר וועלן קומען
צו אַ לאַנד אַ נייעם.

אַ לאַנד פאַראַן איז אפשר,
וווּ ס'זענען אַלע גלייכע:
נישטאָ קיין אונטערדריקטע,
קיין אָרעמע און רייכע.

ווי ס'לעבן זיך די קינדער
אזוי ווי פייגל פרייע,
פונקט ווי עס האָט דערציילט אונדז
די לערערין די נייע.

מיר ווען דאָרט פאַרברענגען
די פעריען־צייט אינגאַנצן
און מיט די קינדער שפּילן,
זיך פרייען, שפּרינגען, טאַנצן.



# ש ל י ט נ ס

שליטנס, שליטנס, שליטנס!
שליטנס אַלערליי
גליטשן אויפן שניי:
שליטנס יוסט־געבויטע;
בלאָע, גרינע, רויטע;
שיין־באַצירטע;
העל־פּאָלירטע;
מיט אַ גילדן קענטעלע באַצויגן;
פריציש, בייכיק, אויסגעבויגן;
געהיבלט און געשליפן גלאַט,
פון די שטאָלצן ביזן בלאַט

שליטנס שלעכט־געבויטע,
שוואַכע, טויטע,
שרעטעלעך...
אַ פּאָר דינע ברעטעלעך,
געשטריבלטע,
נישט געהיבלטע,
קוים צונויפגעשלאָגן,
אויך אַ שליטן קען מען זאָגן.

קינדער, קינדער, קינדער!
קינדער אַלערליי,
שליטלען אויפן שניי:
קינדער רייכע, זאַטע;

פאַלטנדלעך אויף וואַטע;
שיכעלעך גאַנצינקע:
קאַלאָשעלעך גלאַנצינקע;
אַ וואַרעם היטל איבער ד׳אויערן,
זיי זאָלן חלילה נישט געפרוירן;
הענטשקעס האָט געקויפט די מאַמע נייע.
פליט מען, פליט מען אַ מחיה,
ס׳איז דער שניי איצט פריש,
גלאַטיק ווי אַ טיש.

קינדער פון די הינטער־גאַסן.
אָרעמע, הונגעריקע, בלאַסע;
פאַלטנדלעך — אַ לאַטע אויף אַ לאַטע;
ס׳היטעלע — אַ שמאַטע;
שיכעלעך — די זוילן לאַנג צעריבן,
קיין זכר נישט געבליבן.
נאָר הנאה האָבן זיי
פונם פרישן שניי:
ער דערוואַרעמט יעדעס גליד.
מ׳פאָרט, מען ווערט נישט מיד.
ס׳טראָגט דער שליטן גיכער, גיך;
מ׳פילט נישט ס׳פייכטקייט אין די שיך;
מען פאַרגעסט אין הונגער, נויט;
בלאַסע בעקלעך ווערן רויט.
וואָלט מען נאָך דערצו געווען זאַט —
וואַרעמס היינט אין מויל געהאַט,
וואָלט דאן נישט געפעלט קיין כח,
שליטלען זיך פון העכסטער הויך.

# געציי̆ג-שפּיל

(דריי קינדער זענען: אַ זעג, אַ שוסטער-האַמער און אַ שעו

*זעג:* בין איך מיר אַ בלאַנקיק זעגל,
לאַנג בין איך אַ האַלבער מעטער;
שאַרפע זענען מיינע ציינער,
שנייד איך קלעצער, שנייד איך ברעטער.
נעמט דער טישלער פון זיי מאַכן
בעטן, בענקלעך גאַנצע טיצן,
פאַר די קינדערלעך צו שלאָפן
און אין שול אויף וואָס צו זיצן.

*אלע דריי:* גוטע כּלים זענען מיר,
די מלאכה קענען מיר:
זעגן, קלאַפּן, שערן,
יעדער קען אייך שווערן.

*שוסטער-האַמער:* בין איך מיר אַ שוסטער-האַמער,
ביי דעם שוסטער ד'ערשטע כּלי,
ס'ליגט אויף מיר די גרעסטע אַרבעט,
שיכלעך מאַכן שיינע, ווילע.
נעמט דער שוסטער לעדער קלאַפּן,
אין די זוילן פלעקלעך שלאָגן;
ווערן פאַרטיק שיינע שיכלעך,
פאַר די קינדערלעך צו טראָגן.

*אלע דריי:* גוטע כּלים זענען מיר

א. אַז. וו.

*שער:* בין איך מיר אַ שער אַ גרויסע,
גרעסער פיל פון אַלע שערן;
שאַרף מיין מויל איז ווי אַ חלף,
יעדער שניידער האָט מיך גערן.
נעמט ער שניידן פון די סחורות,
די פאַסענער אויף חידושים,
ווערן פון זיי שפּעטער פאַרטיק,
פאַר די קינדערלעך מלבושים.

*אַלע דריי:* גוטע כּלים זענען מיר
א. אַז. וו.

■●■

*א קרייז פון קינדער:* *שנייעלע, שנייעלע,* קום שוין גיכער,
קום צופליען ווי אַ וויכער,
דעק מיט פוך צו יעדעס ערטל,
ווייס זאָל ווערן פעלד און גערטל.

*שניי* (קומט אַריינצולויפן): קינדער מיינע, ווילע, שטילע,
איך האָב אויסגעהערט אייער תּפילה,
אויף אַ וואָלקן צוגעריטן
און איך וועל די ערד פאַרשיטן.

*קינדער:* אַז דו וועסט די ערד פאַרשנייען,
אוי, ווי וועלן מיר זיך פרייען,
קוילן וואַרפן, מענטשן שטעלן,
שליטלען, גליטשן, ס'האַרץ וועט קוועלן.

*שניי* (לויפט אַרום דעם קרייז, שיטנדיק מיט די הענט):
אָטאָ שיט איך זילבער־פעדער,
כאַפּט זיי, כאַפּט זיי, כאַפּט זיי יעדער,
רייבט די הענט איין, אַלע גלידער,
אויף ס'יאָר וועל איך קומען ווידער.



# גאָרטן-שפּיל

א קרייז פון קינדער בילדן א צוים. אין קרייז שטייט־איינצלנע קינדער, וועלכע זענען: א באַרנע-בוים, און עפּל-בוים און ניסן-בוים).

אלע צוזאַמען זינגען: אין דעם גאָרטן איז פאַראַנען,
פּירות גוטע, מעדנים,
שמאַקהאַפטיקע, זיס און ווייניק,
זיי צו עסן איז אַ תּענוג.

*אַ מיידל* (קומט אָן): צוימל, צוימל,
לאָז מיך צו דיין באַרנע-בוימל.
כ'בין היינט לאַנג אין שול געווען,
פיל געשריבן און געלעזן,
וויל איך מיר מיין האַרץ דערקוויקן
און אַ באַרנעלע אָפּפליקן.

*צוים:* יאָ, יאָ,
קאָנסט אַריינגייען דאָ.
אַזאַ קינד, וואָס לערנט גוט,
קריגט אַ באַרנע די מינוט.

(צוים עפנט זיך, קינד גייט אַריין, נעמט אַרום דעם באַרנע-בוים און אַלע זינגען):
אין דעם גאָרטן איז פאַראַנען א. אַז. וו.

*אַ יינגל* (קומט אָן): צוימל, צוימל,
לאָז מיך צו דיין עפּל-בוימל.
ס'האָט היינט נאָמענס-טאָג מיין שוועסטער,

כ'בין איר ברודערל, דער בעסטער,
וויל איך עפּעלעך אָפּפּליקן
און איר אַ מתּנה שיקן.

*צוים:* יאָ, יאָ,
קאָנסט אַריינגיין דאָ.
אַזאַ ברודער, וואָס איז גוט,
קריגט דאָ עפּל די מינוט.

(צוים עפנט זיך, יינגל גייט אַריין, נעמט
אַרום דעם עפּל-בוים און אַלע זינגען):
אין דעם גאָרטן איז פּאַראַנען א. אַ. וו.

*אַ מיידל* (קומט אָן): צוימל, צוימל,
לאָז מיך צו דיין קאַרשן-בוימל.
פון די קאַרשן וויל איך מאַכן
זיסע און געשמאַקע זאַכן:
זאַפטן שטעלן אין די פלאַשן,
פרעגלען איינגעמאַכטס צו נאַשן.

*צוים:* יאָ, יאָ,
קענסט אַריינגיין דאָ.
זאַפט און איינגעמאַכטס איז גוט,
קאַרשן קריגסטו די מינוט.

(צוים עפנט זיך, מיידל גייט אַריין, נעמט
אַרום דעם קאַרשן-בוים און אַלע זינגען):
אין דעם גאָרטן איז פּאַראַנען א. אַ. וו.

*צוויי קינדער* (קומען אָן): צוימל, צוימל,
לאָז אונז צו דיין ניסן-בוימל.
מיט די ניסעלעך מיר ווילן

אינם גריבעלע זיך שפּילן,
וואָס מיר אַלעביידע האָבן
דאָרט אין הויפֿל אויסגעגראָבן.

*צוים:* יאָ, יאָ,
קאָנסט אַריינגיין דאָ.
נעמט אייך ניס וויפֿל איר ווילט,
פֿריילעך, לוסטיק זיך געשפּילט.

(צוים עפֿנט זיך, ביידע קינדער גייען אַריין,
נעמען אַרום דעם ניסן־בוים און אַלע זינגען):
**אין דעם גאָרטן איז פֿאַראַנען א. אַ. וו.**



# ווינטער- און זומער-קינדער

(אַ קינדער-שפּיל)

*ווינטער-קינדער* (קלאָגן): אוי וויי, וויי,
שוין נישטאָ דער שניי.
ר'איז אַוועקגעקומען,
פון דער זון צעשוואומען,
אוי וויי, וויי,
שוין נישטאָ דער שניי.

*זומער-קינדער* (קומען אַריינצולויפן פריילעכע):
צו וואָס טויג אייך אייער קלאָגן,
טרערן גיסן, קינות זאָגן;
וואָס האָט פאַר אַ טעם דער ווינטער?
פונקט ווי מילך אין שוואַרצן טינטער.

*ווינטער-קינדער*: ווייס די וועלט איז אינם ווינטער,
ווי די באָרד ביי אונדזער זיידן,
און מען שליטלט און מען גליטשט זיך,
אַ מחיה, אַ גן-עדן.

*זומער-קינדער*: בעסער איז דער וואַרמער זומער,
מ'לויפט אַרום אָן זאָרג, אָן קימער.
פריש דער וואַלד, עס שמעקט דער גאָרטן,
פייגל הערט מען זינגען דאָרטן.

*ווינטער-קינדער* (אין כעס):
ניין, נישט אמת, ווינטער בעסער,
זומער ווערט איז אויף כפרות.

***זומער-קינדער*** (לאַכנדיק):
ניין, נישט אמת, זומער בעסער,
ווינטער ווערט איז אויף כּפּרות.

(קריגן זיך: „ווינטער בעסער, זומער בעסער"...
ביז עס קומט אַריין אַ קינד אַלס דער לערער):

***לערער:*** הערט אויף קינדער זיך צו קריגן,
איר האָט ביידע רעכט צוזאַמען.
גוט דער ווינטער, אויך דער זומער,
האָט זיי ליב ווי טאַטע-מאַמע.
ווערט די ערד באַשנייט אין ווינטער,
וואַקסן זומער שיין די פלאַנצן,
איבערדעם שליסט ביידע שלום,
נעמט זיך ביי די הענטלעך טאַנצן.

(אַלע קינדער שליסן זיך צונויף
אין אַ קרייז און זינגען טאַנצנדיק):
האַנט ביי האַנט
אָנגעקניפּט;
האַרץ מיט האַרץ
איינגעליבט.
זינגען מיר
מיט גרויס פלייס;
דרייען זיך
אין אַ קרייז.



# בלומען-שפּיל

א גרעסערער קרייז קינדער בילדן א גאָרטן-צוים. אין דעם קרייז געפינען זיך דריי קלענערע קינדער-קרייזן, וועלכע ווענען פאָלגנדע בלומען: בעז, נישט-פאַרגעס-מיך און מאַי-כוסעלעך. בשעת אַלע זינגען דעם רעפריין, דרייען זיך אַלע קרייזן אַרום זיך. און ווען א בלומען-קרייז זינגט, באַוועגט ער זיך און די אַנדערע קרייזן שטייען.

*אַלע*: אַ רעגן, אַ רעגן,
אַ מאַי-רעגן
גיסט שטראָמענווייז ווי פון אַ טייך.
אַ רעגן, אַ רעגן,
אַ מאַי-רעגן
פאַלט אויף אונדזערע קעפּלעך גלייך.

*בעז*: טראָפּנס מאַי-רעגן
זענען גוטע שפּייזן,
גליקלעך זענען אַלע,
ווען זיי זיך באַווייזן.
און דערנאָך די שטראַלן
וואַרמען אַ מחיה,
וואַקסן מיר דאַן בעז אויס
גאַנצע בינטן נייע.

*אַלע*: אַ רעגן, אַ רעגן א. אַז. וו.

*נישט-פאַרגעס-מיך*: טרוקן איז געווען אונדז,
אוי, האָט אונדז געדאָרשטן;
איז אַראָפּ אַ רעגן

און דעם דאָרשט געלאָשן.
נאָכדעם װעלן שטראַלן,
װאַרעמען מיט הנאה;
װעלן מיר אױסװאַקסן
נישט-פאַרגעס-מיך בלאָע.

*אַלע*: אַ רעגן, אַ רעגן א. אַז. װ.

*מאַי-כּוסעלעך*: אַז עס װעט דער רעגן
אױפהערן צו פאַלן,
װעט די זון אױפשײַנען,
שיקן הײסע שטראַלן;
װעט אױף אונדז אױסטריקענען,
ס'רעגן-װאַסער, ס'רײנע,
װעלן מיר אױסװאַקסן,
מאַי-כּוסעלעך שײנע.

(אַלע דרײ קרײַזן שליסן זיך
צונױף און זינגען פרײלעך):
מיר באַשײנען גאָרטנס,
פרישן אױף די לופט
און צעטראָגן תּמיד
שמעקנדיקן דופט.
פּו יי ן מיר זיך אַלע,
פרײען זיך בײַנאַנד,
מאַכן מיר אַ ריקוד,
טאַנצן האַנט בײַ האַנט.



# נאַכט- און טאָג-שפּיל

ס'נעמען אָנטייל: קינדער-בלומען, שלאָף און זון.
פאַרנאַכט, זון-אונטערגאַנג.

*קינדער-בלומען*: ס'איז דער הימל רויט,
ס'גייט די זון אַוועק,
ס'קומט שוין אָן די נאַכט,
ס'נעמט צום טאָג אַן עק.
שלאָף, קום אָן צו אונז,
זע, מיר זענען מיד;
שלעפער איין אונדז ליב
און זינג צו אַ ליד.

(בויגן איין די קעפּעלעך און זעצן זיך מיד אַוועק)

*שלאָף* (קומט אָן): *שש... שש...* ס'קומט די נאַכט,
אַלץ ווערט איינגעשטילט;
אין אַ פינסטערניש
ווערט אַלץ איינגעהילט.
ווער ס'איז פונם טאָג
מיד און אָפּגעשוואַכט,
דער באַקומט פון מיר
רו אַ גאַנצע נאַכט.

(דערנענטערט זיך צו די בלומען)

שיינע בלימעלעך,
איר אויך זייט דאָך מיד,
ס'האָט אַ גאַנצן טאָג
זון אַזוי געגליט.
שלאָפט-זשע איצטער איין,

מאַכט די אייגלעך צו,
שלאָפֿן איז דאָך גוט,
אַי-ליו, ליו-ליו, ליו.

(פֿארלייגן די הענטלעך אויף די קעפּ-
לעך און שלאָפֿן איין. אין אַ צייט
אַרום באַווייזט זיך די זון אין אַ ווינקל)

*זון*: שוואַרצע פֿינסטערע נאַכט,
נעם שוין איין אַ סוף;
גרעזלעך, בוים און בלום,
וועקט זיך פֿונעם שלאָף.

*אַ בלום* (וועקט זיך):
ס'שטייט שוין אויף דער טאָג,
ס'האָט דערוואַכט די זון,
מיט אַ ליבן שטראַל
מיר אַ גלעט געטון.
בלומען, שוועסטערלעך,
שוין גענוג דער שלאָף!
זעט, עס איז שוין טאָג,
וועקט זיך אַלע אויף.

*אַלע* (כאַפּן זיך אויף): אוי, עס איז שוין טאָג,
זון האָט אויפגעשיינט;
ס'איז דער הימל קלאָר,
וואַרעם וועט זיין היינט.
זון איז אַזוי גוט,
ליב אונדז איז איר בליק;
שיקט זי צו אַ שטראַל,
ברענגט ער פֿרייד און גליק.
לאָמיר איצט דערפֿאַר,
אַלע גרויס און קליין,

אַ שבת שיקן איר
און אַ טענצל גיין.

(נעמען זיך צוזאַמען און טאַנצן זינגענדיק:)
זון איז אַזוי גוט,
ליב אונדז איז איר בליק;
שיקט זי צו אַ שטראַל,
ברענגט ער פרייד און גליק.



## וועשעריי-שפּיל

אַ פּירעק פון קינדער בילדעט אַ וועשעריי-אַנשטאַלט
דריי קינדער אינם פּירעק זענען: זייף, וואַסער און
אַ דרענגער („וויזשעמאַטשקע").

*אַלע דריי:* מאַכן מיר זיך אַלע דריי
אַ וועשעריי, אַ וועשעריי.

*ערשט קינד:* זייף בין איך,

*צווייט קינד:* וואַסער איך.

*דריט קינד:* דרענגער איך.

*זייף:* זייף איין איך.

*וואַסער:* וואַש אויס איך.

*דרענגער:* דרענג אויס איך.

*אַלע דריי:* ביז עס ווערט פון שמוץ אַ תּל
און פון ריינקייט בלענדט אַלץ העל.

*זייף:* כ'בין פון שמוץ אַ שונא,
כ'האָב ליב ציכטיק, ריין;
שמוץ מוז איך אויסראָטן,
כאָטש כ'פאַרשווינד אַליין.
וועל איך טאַקע שטאַרקער
רייבן אַזוי היינט,
אַז עס וועט זיך שוימען,
ווייל שמוץ האָב איך פיינט.

*אַלע קינדער:* שמוץ דאָס איז אַ מיאוסע זאַך,
ריינקייט איז אַ שיינער שבח.
זייפן מיר,

וואַשן מיר,
דרענגען מיר,
ביז עס ווערט פון שמוץ אַ תּל
און פון ריינקייט ווערט אַלץ העל.

*וואַסער:* ס׳זעצט פון מיר אַ פּאַרע,
איך בין זידיק הייס;
פול די גרויסע באַליע,
ס׳איז געוועש היינט גרויס.
איך האָב ליב צו וואַשן,
וואַשן איז דאָך גוט;
נעם איך אַזוי שווענקען,
גייט אַרויס דער ברוד.

*אַלע קינדער:* שמוץ דאָס איז אַ מיאוסע זאַך
א. אַז. וו.

*דרענגער:* איז די וועש געוואַשן,
קומט אויף מיר די ריי,
דרינג איך אויס דאָס וואַסער,
ווערט זי ווייס ווי שניי.
דיקע וואַלצן האָב איך,
ס׳איז מיין כח גרויס;
דרענג איך אַזוי פעסטער,
מוז דער שמוץ אַרויס.

*אַלע קינדער:* שמוץ דאָס איז אַ מיאוסע זאַך
א. אַז. וו.



# אַ קייט-שפּיל

אַ פירעק פון קינדער בילדעט אַ קוזשניע. אין דער מיטן געפינט זיך אַ קאָוואַל מיט טעלערכע געהילפן.

**דער** *פירעק:*
ביי דעם קאָוואַל גייט אַן אַרבעט,
ס'פּעלט אויס העגט;
ס'בלאָזט אַ שטאַרקן ווינט דער בלאָזאַק,
ס'פייער ברענט.
ס'קלאַפּן האַמערס, ס'קלינגט דער אַמבאָס,
ס'אייזן גליט;
און צום טאַקט צו זינגט דער קאָוואַל,
זינגט אַ ליד.

*קאָוואַל:* שמידט דאָס אייזן, שמידט,
כל-זמן עס איז הייס;
שטאַרקער, ווערט נישט מיד,
כאָטש עס רינט דער שוויס.

(געהילפן מאַכן באַוועגונגען ווי ביים שמידן)

ציט דאָס אייזן פלינק,
אין דער לענג און ברייט;
וויקלט רינג נאָך רינג,
ביז עס ווערט אַ קייט.
איינס, צוויי — דאָ אַ לייג,
דריי, פיר — דאָרטן גרינג;
אין דעם אָרט אַ בייג,
פאַרטיק ד'ערשטע רינג.

(אַ קינד שטעלט זיך אַוועק מיט אַן אויסגעבויגענעם
אָרעם אין דער פאָרם פון אַ רינג)

*קאָוואַל*: איינס, צוויי – דאָ אַ לייג,
דריי, פיר – דאָרטן גרינג;
אין דעם אָרט אַ בייג,
פאַרטיק צווייטע רינג.

אַ צווייט קינד שטעלט זיך ווידער נעבן ערשטן און שליסט זיך אַן אין זיין אָרעם. אַזוי גייט די שפּיל ווייטער. דער קאָוואַל זינגט כסדר דעם סטראָף: „איינס צוויי" און ענדיקט: „פאַרטיק דריטע רינג, פערטע, פינפטע, זעקסטע" א. א. וו. שליסן זיך קינדער צונויף מיט די אָרעמס, ביז עס ווערט אַ רונדיקע קייט, וועלכע רינגלט אַרום דעם קאָוואַל. אַז די קייט איז פאַרטיק, זינגען אַלע:

זענען מיר פאַרייניקט אַלע,
רינג מיט רינג צונויפגעגאָסן,
אין אַ קייט צונויפגעשמידט,
גליד מיט גליד צונויפגעשלאָסן.
ווער קען איצטער אונדז צערייסן?
וועם קען אַזאַ קראַפט געהערן?
ס'ליגט אין אייניקייט אַ כח,
וואָס קען וועלטן איבערקערן.



א פירעק פון קינדער בילדעס א ווינטמיל. איין קינד, ס׳העכסטע, האַלט הויך בײדע הענט פאַרלייגט אין אַ קרייז, ווי פליגלען פון אַ ווינטמיל.
אינם פירעק געפינען זיך עטלעכע פּאַרלעך, וועלכע זענען די מילשטיינער. יעדעס פּאַרל האַלט זיך צוזאַמען מיט איבערגעלייגטע הענט.
עטלעכע קינדער זיצן אויף דר׳ערד אין אַ ליגנדיקער פּאָזע. דאָס זענען די ליידיקע זעק.
אין זייט זיצט דער מילנער.

*דער פירעק*: ווינטל, ווינטל, גוטער ווינט,
בלאָז די פליגל, בלאָז געשווינט;
מילעכל זאָל דרייען זיך,
מאָלן ווייס מעל, מאָלן גיך.
בעקערל קומט באַלד אַהער,
מעל צו באַקן ברויט וויל ער.

*ווינט* (קומט אָן און בלאָזט אויף די פליגל־הענט)
פו—פו, פו—פו, פו—פו, פום.
דריי זיך, פליגל, רוק אַרום,
טרייב די שטיינער, טרייב זיי שנעל,
מאָלט אָן אַ סאַך זעקלעך מעל.

ס׳קינד מיט די אויפגעהויבענע הענט דרייט מיט זיי אַזוי ווי פליגל פון אַ ווינטמיל. די פּאַרלעך, די מילשטיינער, דרייען זיך אַרום, אין אָנפאַנג זאַכט, דערנאָך שנעלער.

*אַלע*: דרייען מיר זיך, דרייען זיך,

פרייען מיר זיך, פרייען זיך,
אַז עס איז געוואָרן
מעל פון ווייץ און קאָרן. (אַזוי עטלעכע מאָל)

בשעת אַלע דרייען זיך, נעמט דער מילנער די
קינדער-זעק, שיט זיי אַן און שטעלט אין זייט אַוועק.

*קערנער*: אי, אי, אי, אי!
עס טוט מיר אַזוי וויי!
די שלעכטע שטיינער, פליקער,
צערייסן מיך אויף שטיקער,
אויף פּיצעלעך צעריבן,
ס'איז שטויב פון מיר געבליבן.

*זעקלעך מעל*: דו נאַריש קאָרן, נאַר,
וואָס ביזטו זיך מצער?
מ'האָט דיך צו דעם געזייט.
ס'דאַרף זיין אויף דיר אַ פרייד.
דו טוסט אַ גרויסע טאַט:
מאַכסט הונגעריקע זאַט.

*ס'קינד מיט די ווינטמיל-פליגלען*:
ס'וואָלט געווען טאַקי ווויל,
ווען צום הונגעריקנס מויל,
וואָלט דערגרייכט די שפּייז פון פעלד.
אַנדערש איז אויף אונדזער וועלט:
ס'ווערט מיט תּבֿואות אָנגעשיט
פולע שפּייכלערס ביזן סופיט,
גוט פאַרשלאָסן און פאַרהוילט,
ז'ווערט פאַרדאָרבן און פאַרפוילט
און דער, וואָס ליידט פון הונגער, נייט,
גייט אויס פאַר אַ שטיקל ברויט.

*בעקער*: מילנער, עפן אויף די מיל,
ווייץ און קאָרן-מעל איך וויל.
איך דאַרף זעקעלעך אַ זעקס,
אויסצובאַקן פיל געבעקס.

*מילנער* (לאָזט אים אריין):
אָט דאָ האָסטו קאָרן-מעל,
אָט דאָ האָסטו ווייצן-מעל,
זע, ווי שיין עס איז, ווי העל.

(בעקער און געהילפן נעמען אויף די פלייצעס
די קינדער-זעקעלעך און טראָגן זיי אַרויס)

*אַלע*: דרייען מיר זיך, דרייען זיך,
פרייען מיר זיך, פרייען זיך,
אַז עס איז געוואָרן
מעל פון ווייץ און קאָרן.



# געוועג-שפּיל

די שפּיל קומט פאָר אין אַ גוט. עס נעמען אָנטייל אַ סך קינדער, וועלכע זענען: הונט, פוקס, וואָלף, קאַץ, ציג, האָן, בער, עופות, שעפּסן, קו, היי, קערנער, בינשטאָקן. אין זייט שטייט אַ פירעק פון קינדער, וואָס איז אַ תפיסה. אַ יינגל, אַלס הונט, היט דעם הויף.

*פוקס* (קומט אָן) קלאַפּ-קלאַפּ!

*הונט*: ווער איז?

*פוקס* (ברומט): אַ פוקס.

*הונט*: וואָס איז דיין ווילן?

*פוקס*: דעם הונגער שטילן.
אַן עוף וויל איך פון הויפל.
פאַראַנען דאָ אַזויפיל.

*הונט*: איך גיב נישט. כ'בין אַ הונט אַ טרייער
און יענעמס איז מיר טייער.

*פוקס*: פאַרשטיי, מיין הונט, דו ביזט דאָך קלוג,
דער שררה האָט גענוג, גענוג;
ר'וועט אָרעמער נישט ווערן
און מיך וועסטו דערנערן.

*הונט*: דיינע רייד צו גאָרנישט טויגן.
בעסער הער וואָס איך וועל זאָגן:
כ'וועל פאַרבינדן דיר די אויגן
זאָלסט זיך דאָ מיט אַלע יאָגן.
אויב דו וועסט אַן עופל כאַפּן,

קענסטו פון דעם ווײַל געניסן;
ווען דיר אָבער נישט געלונגען,
גייסטו זיצן אין דער תפיסה.

*פוקס*: גוט, קאָנסט די אויגן מיר פאַרבינדן,
איך האָב אַ ריח אַ געזונטן,
אַ הינדל וועל איך פלינק דערשנאַפן
און אין אַן אויגנבליק עס כאַפן.

(הונט פאַרבינדט דעם פוקס די אויגן. און אַלע יאָגן זיך מיט אים, רופנדיק: „כאַפ מיך, איך בין ס'הינדל". אַז ער כאַפט עמעצן, בינדט מען אים אויף די אויגן; איז דאָס אַ הון, זינגט ער פריילעך:

*פוקס*: געכאַפט, געכאַפט, ס'איז מיר געלונגען,
הונט, ווער צעזעצט און ווער צעשפּרונגען;
אַי, ווען דאָס זיין אַ ווײַלער מאכל,
הנאה האָבן וועט מיין בייכל.

(אויב אָבער דער פוקס כאַפּט אַן אַנדערן, זעצט מען אים אַריין אין תפיסה און אַלע זינגען):

עע... פוקסל! האָסט געכאַפט, שלימזל,
אַזאַ מפּלה גאָר אַ מיאוסע,
אָנשטאָט אַ פעט־געפּאַשעט הינדל,
באַקומען האָסטו איצטער תפיסה.

*וואָלף* (קומט אַן): קלאַפּ, קלאַפּ!

*הונט*: ווער איז?

*וואָלף* (ברומט): אַ וואָלף.

*הונט*: וואָס איז דיין ווילן?

*וואָלף*: דעם הונגער שטילן.
אַ שעפּס גיב מיר פון הויפֿ,
פאַראַנען דאָ אַזויפיל.

*הונט*: איך גיב נישט, כ'בין אַ הונט אַ טרייער
און יענעמס איז מיר טייער.

*וואָלף*: פאַרשטיי, מיין הונט, דו ביזט דאָך קלוג,
דער שררה האָט גענוג, גענוג;
ר'וועט אָרעמער נישט ווערן
און מיך וועסטו דערנערן.

*הונט*: דיינע רייד צו גאָרנישט טויגן,
בעסער הער וואָס איך וועל זאָגן,
כ'וועל פאַרבינדן דיר די אויגן
זאָלסט זיך דאָ מיט אַלע יאָגן.
אויב דו וועסט אַ שעפּסל כאַפּן,
קענסטו פון דעם וויל געניסן,
וועט דיר אָבער נישט געלונגען,
גייסטו זיצן אין דער תפיסה.

*וואָלף*: גוט, קאָנסט די אויגן מיר פאַרבינדן,
איך האָב אַ ריח אַ געזונטן,
אַ שעפּסל וועל איך פלינק דערשנאַפּן
און אין אַן אויגנבליק עס כאַפּן.

(הונט פאַרבינדט דעם וואָלף די אויגן און די שפּיל
קומט פאָר אַזוי ווי אויבן ביים פוקס.)

*קאַץ* (קומט אַן): קלאַפּ, קלאַפּ!

*הונט*: ווער איז?

*קאַץ* (מיאַוטשעט): אַ קאַץ.

*הונט*: וואָס איז דיין ווילן?

*קאַץ*: דעם הונגער שטילן.
פון אַ קיעלע וויל איך
אַ ביסל פרישע מילך. א. אַז. וו.

(ס'געשפּרעך קומט פאָר ווי אויבן. ביי די ווערטער „אויב דו ווסט" זאָגט דער הונט:
אויב דו ווסט אַ קיעלע כאַפּן,
קענסטו פון איר מילך געניסן.

(די קאַץ ווידער זאָגט אין איר ענטפער:)

אַ קיעלע וועל איך פלינק דערשנאַפּן.

*ציג* (קומט אָן): קלאַפּ, קלאַפּ!

*הונט*: ווער איז?

*ציג* (מעקעט): אַ ציגל.

*הונט*: וואָס איז דיין ווילן?

*ציג*: דעם הונגער שטילן.
גיב פרישן היי פון הויפל,
פאַראַנען דאָ אַזויפיל. א. אַז. וו.

(ס'געשפּרעך קומט ווייטער פאָר ווי אויבן. ביי די ווערטער „אויב דו ווסט" זאָגט דער הונט:)
אויב דו ווסט דעם היי דיר כאַפּן

(די ציג ווידער זאָגט אין איר ענטפער):
דעם היי וועל איך גאַנץ פלינק דערשנאַפּן.

*אַ האָן* (קומט אָן): קלאַפּ, קלאַפּ!

*הונט*: ווער איז?

*האָן* (קרייט): אַ האָן.

*הונט*: וואָס איז דיין ווילן?

*האָן*: דעם הונגער שטילן,
גיב קערנער פונם הויפל,
פאַראַנען דאָ אַזויפיל. א. אַז. וו.

(ביי די ווערטער „אויב דו וועסט" זאָגט דער הונט):
אויב דו וועסט די קערנער כאַפּן

(דער האָן ווידער זאָגט אין זיין ענטפער):
די קערנער וועל איך פלינק דערשנאַפּן.

*בער* (קומט אָן): קלאַפּ, קלאַפּ!

*הונט*: ווער איז?

*בער* (ברומט): אַ בער.

*הונט*: וואָס איז דיין ווילן?

*בער*: דעם הונגער שטילן.
גיב האָניג פונם בינען־שטאָק,
פאַראַנען דאָ אַ גאַנצער שאָק. א. אַ. וו.

(ביי די ווערטער „אויב דו וועסט" זאָגט דער הונט):
אויב אַ בינען־שטאָק וועסט כאַפּן,
קענסטו האָניג דיר געניסן.

(דער בער ווידער זאָגט אין זיין ענטפער):
אַ בינען־שטאָק וועל איך דערשנאַפּן.



# חד-גדיא

(אַ שפּיל)

די שפּיל קומט פּאָר אַזוי: די קינדער שאַפן צוויי קרייזן. אינם ערשטן קרייז גייען אַריין: קעצל, הינטל, שטעקל, פייערל, וואַסערל, אָקסל, שוחטל, מלאך-המות און אַ מלאך. אינם צווייטן קרייז קומט פּאָר די שפּיל-איין קינד, דאָס ציגל, שפּרינגט אַרום אינם קרייז און זינגט:

*ציגל*: כ'בין אַ לוסטיק ציגל,
ווייס אַזוי ווי שניי,
מיט אַ שפּיציק בערדל
און מיט הערנער צוויי.

*אַלע*: אַ ציגעלע, אַ ווייס ווי שניי,
תמיד שפּרינגט עס, טאַנצט און לויפט,
דאָס האָט דער טאַטעשי געקויפט
פאַר גילדן צוויי.

*פאַרזינגער*: קומט אָן אַ קעצעלע פון קיך
און כאַפּט אַוועק דאָס ציגל גיך.

(פון ערשטן קרייז טיילט זיך אָפּ ס'קעצל, זינגענדיק)

*קעצעלע*: מיט די נעגל דראַפּע איך,
מיט די ציין — בייס איין;
זע איך אַ ווייס ציגל,
כאַפּ איך עס אַריין.

(ס׳קעצל שפּרינגט אַריין אין צווייטן קרייז און כאַפּט ס׳ציגל, וואָס פאַלט אַנידער. ס׳קעצל שפּרינגט פריילעך אַרום, מיאַוקענדיק: „מיאַו, מיאַו״)

*אַלע*: אַ ציגעלע, אַ ווייס ווי שניי
א. אַז. וו.

*פּאַרזינגער*: קומט אָן אַ הונט און גיט אַ ביס,
דעם שלעכטן קעצעלע אין פוס,
ווייל ס׳איז געקומען פון דער קיך,
אַריינגעכאַפּט דאָס ציגל גיך.

(פון ערשטן קרייז טיילט זיך אָפּ ס׳הינטל בילנדיק)

*הינטל*: איך האָב שאַרפע ציינער,
קעצעלע ווו איז?
אויפגעפרעסן ס׳ציגל,
גיב איך אים אַ ביס.

(ס׳הינטל שפּרינגט אַריין אין צווייטן קרייז און בייסט ס׳קעצל, וועלכעס פאַלט אַנידער. ס׳הינטל טאַנצט אַרום בילנדיק פריילעך: „האַוו, האַוו״.)

*אַלע*: אַ ציגעלע, אַ ווייס ווי שניי
א. אַז. וו.

*פּאַרזינגער*: קומט אָן אַ שטעקן גאַנץ געשווינט
און ברעכט די ביינער אָן דעם הונט,
וואָס ר׳האָט געגעבן טיף אַ ביס,
דעם גראָען קעצעלע אין פוס,
וואָס ס׳איז געקומען פון דער קיך,
אַוועקגעכאַפּט דאָס ציגל גיך.

(פון ערשטן קרייז טיילט זיך אָפּ ס׳שטעקעלע, קלאַפּנדיק)

*שטעקעלע*: כ׳בין אַ הויכער שטעקן,
מיט אַ שטאַרקן קאָפּ;
הינטל האָט געביסן,
גיב איך אים אַ קלאַפּ.

(ס׳שטעקל שפּרינגט אַריין אין צווייטן קרייז און שלאָגט ס׳הינטל, וואָס פאַלט אַנידער. ס׳שטעקל טאַנצט אַרום הינטל, טופּנדיק מיט די פיס.)

*אַלע*: אַ ציגעלע, אַ ווייס ווי שניי
א. אַז. וו.

*פאָרזינגער*: קומט אָן אַ פלאַם, אַ פייער-מויל,
פאַרברענט דאָס שטעקעלע אויף קויל,
ווייל ס׳איז געקומען גאַנץ געשווינט,
די ביינער אָנגעקלאַפּט דעם הונט,
ווייל ר׳האָט געגעבן טיף אַ ביס,
דעם שלעכטן קעצעלע אין פוס,
וואָס ס׳איז געקומען פון דער קיך,
אַוועקגעכאַפּט דאָס ציגל גיך.

(ס׳פייערל קומט אָן קנאַקנדיק)

*פייערל*: כ׳בין אַ רויטער פייער,
פלאַמיק מיינע הענט,
שטעקל האָט געשלאָגן,
ווערט ער באַלד פאַרברענט.

(שפּרינגט אַריין אין צווייטן קרייז און מאַכט זיך פאַרברענען דעם שטעקן, וואָס פאַלט

אַנידער. ס'פייערל טאַנצט אַרום שטעקן, קנאַקנ־
דיק מיטן מויל, ווי אַ ברענענדיק פייער.)

*אַלע*: אַ ציגעלע, אַ ווייס ווי שניי
א. אַז. וו.

*פאַרזינגער*: קומט אָן אַ וואַסער גלייך פון ים
פאַרלעשט דעם קנאַקנדיקן פלאַם,
וואָס ער האָט מיט זיין פייער־מויל
פאַרברענט דאָס שטעקעלע אויף קויל,
וואָס איז געקומען גאַנץ געשווינט,
די ביינער אָנגעקלאַפט דעם הונט,
וואָס ר'האָט געגעבן טיף אַ ביס,
דעם שלעכטן קעצעלע אין פוס,
וואָס ס'איז געקומען פון דער קיך,
אַוועקגעכאַפּט דאָס ציגל גיך.

(ס'וואַסערל קומט אָן שורשנדיק)

*וואַסערל*: כ'בין אַ פליסיק וואַסער,
יעדער טראָפּ איז קאַלט;
פייער האָט פאַרטיליקט,
איך פאַרלעש עס באַלד.

(שפרינגט אַריין אין צווייטן קרייז, שפריצט
מיטן מויל אויפן פייער, וואָס פאַלט. ס'וואַ־
סערל טאַנצט פריילעך, שפריצנדיק מיטן מויל.)

*אַלע*: אַ ציגעלע, אַ ווייס ווי שניי
א. אַז. וו.

*פאַרזינגער*: קומט אָן אַן אָקס פון שטאַל,
זופּט אויס דעם גאַנצן וואַסער־קוואַל,

וואָס איז געקומען גלייך פון ים,
פאַרלעשט דעם קנאַקנדיקן פלאַם,
וואָס ער האָט מיט זיין פייער-מויל
פאַרברענט דאָס שטעקעלע אויף קויל,
וואָס איז געקומען גאַנץ געשווינט,
די ביינער אָנגעקלאַפּט דעם הונט,
וואָס ר'האָט געגעבן טיף אַ ביס,
דעם שלעכטן קעצעלע אין פוס,
וואָס ס'איז געקומען פון דער קיך,
אַוועקגעכאַפּט דאָס ציגל גיך.

(אָקס קומט אָן ברומענדיק)

*אָקס*: כ'האָב אַ צונג אַ לאַנגע,
ס'איז מיין גאָרגל גרויס,
וואַסער האָט פאַרלאָשן, —
טרינק איך עס באַלד אויס.

(שפּרינגט אַריין אין צווייטן קרייז, שליבערט אַריין ס'וואַסער, וואָס פאַלט. אָקס טאַנצט אַרום, ברומענדיק פריילעך: „מו, מו")

*אלע*: אַ ציגעלע, אַ ווייס ווי שניי
א. אַז. וו.

*פאָרזינגער*: קומט אָן אַ שוחט בייז און שלעכט
און שעכט דעם אָקס גאַנץ אומגערעכט,
וואָס ר'איז געקומען פונם שטאַל
און אויסגעזופּט דעם וואַסער-קוואַל,
וואָס איז געקומען גלייך פון ים,
פאַרלעשט דעם קנאַקנדיקן פלאַם,
וואָס ער האָט מיט זיין פייער-מויל

פאַרבערענט דאָס שטעקעלע אויף קויל,
וואָס איז געקומען גאַנץ געשווינט,
די ביינער אָנגעקלאַפּט דעם הונט,
וואָס ר'האָט געגעבן טיף אַ ביס,
דעם שלעכטן קעצעלע אין פוס,
וואָס ס'איז געקומען פון דער קיך,
אַוועקגעכאַפּט דאָס ציגל גיך.

(שוחט קומט אָן)

*שוחט*: כ'האָב אַ לאַנגן חלף,
ס'איז זיין שאַרף גאָר דין.
כ'וועל דעם אָקס דעם זויפער
שעכטן לויטן דין.

(שפרינגט אַריין אין צווייטן קרייז, מאַכט מיט
דער האַנט איבערן אָקס האַלדז אַזוי ווי מ'שעכט.
דער אָקס פאַלט און דער שוחט טאַנצט אַרום,
מאַכנדיק מיט דער האַנט: „כירר... כירר...“)

*אַלע*: אַ ציגעלע, אַ ווייס ווי שניי
א. אַז. וו.

*פאָרזינגער*:
מלאָך-המות קומט פון העלער הויט
און לייגט אַוועק דעם שוחט טויט,
ווייל ר'איז געקומען בייז און שלעכט,
דעם אָקס געשאָכטן אומגערעכט,
וואָס ר'איז געקומען פונם שטאַל
און אויסגעזויפט דעם וואַסער-קוואַל,
וואָס ר'איז געקומען גלייך פון ים,
פאַרלעשט דעם קנאַקנדיקן פלאַם,

וואָס ער האָט מיט זיין פייער-מויל
פאַרברענט דאָס שטעקעלע אויף קויל,
וואָס ס'איז געקומען גאַנץ געשווינט,
די ביינער אָנגעקלאַפּט דעם הונט,
וואָס ר'האָט געגעבן טיף אַ ביס,
דעם שלעכטן קעצעלע אין פוס,
וואָס ס'איז געקומען פון דער קיך,
אַוועקגעכאַפּט דאָס ציגל גיך.

(מלאך-המות קומט אָן).

*מלאך-המות:* טויזנט אויגן האָב איך,
אַלעס זע איך גוט;
שוחט האָט געשאָכטן,
כ'טויט אים די מינוט.

(שפרינגט אַריין אין צווייטן קרייז, טויט דעם שוחט, וועלכער פאַלט. מלאך-המות טאַנצט אַרום

*אַלע:* אַ ציגעלע, אַ ווייס ווי שניי
א. אַז. וו.
*פאַרזינגער:* באַווייזט אַ מלאך זיך
און שעכט דעם מלאך-המות גיך,
וואָס ר'איז אַראָפּ פון העלער הויט,
אַוועקגעלייגט דעם שוחט טויט,
וואָס ר'איז געקומען בייז און שלעכט,
דעם אָקס געשאָכטן אומגערעכט,
וואָס ר'איז געקומען פונם שטאַל
און אויסגעזופּט דעם וואַסער-קוואַל,
וואָס ר'איז געקומען גלייך פון ים,
פאַרלעשט דעם קנאַקנדיקן פלאַם,
וואָס ער האָט מיט זיין פייער-מויל

פאַרברענט דאָס שטעקעלע אויף קויל,
וואָס איז געקומען גאַנץ געשווינט,
די ביינער אָנגעקלאַפּט דעם הונט,
וואָס ר׳האָט געגעבן טיף אַ ביס,
דעם שלעכטן קעצעלע אין פוס,
וואָס ס׳איז געקומען פון דער קיך,
אַוועקגעכאַפּט דאָס ציגל גיך.

(מלאך שוועבט אַריין זינגענדיק)

*מלאך*: פון די הויכע הימלען
בין איך דאָ אַראָפּ,
שלעכטן מלאך־המות,
האַק איך אָפּ דעם קאָפּ.

(שפרינגט אַריין אין צווייטן קרייז און האַקט
אָפּ דעם קאָפּ דעם מלאך־המות, וועלכער פאַלט.
דעמאָלט שטעלן זיך אויף אַלע קינדער, שליסן
זיך צונויף און זינגען:)

אַ ציגעלע, אַ ווייס ווי שניי,
וואָס תמיד שפרינגט עס, טאַנצט און לויפט,
דאָס האָט דער טאַטעשי געקויפט
פאַר גילדן צוויי.



## דער זינג-פויגל און די שטייג

(מאסן-שפּיל)

(קינדער שטייען אין אַ פּיר-עק, בילדנדיק אַ שטייג. אַ קינד, אַלס שפּיל-פויגל, לויפט, שוועבנדיק, אַרום דער שטייג).

*שטייג:* פויגל, פויגל, פויגל מיין,
פויגל, פויגל, פויגל פיין,
זאָג, וואָס פליסטו דאָ אַרום,
זאָג, וואָס זוכסטו אומעטום?

*שפּיל-פויגל:* קערנער זוך איך דאָ אַרום,
קערנער זוך איך אומעטום.

*שטייג:* קערנער זענען אָן אַ שיעור,
דאָ אין קעסטעלע ביי מיר;
גיב אַ קוק נאָר, וואַרף אַ בליק,
קום אַריין און ס'האַרץ דערקוויק.

*שפּיל-פויגל* (גייט אַריין, עסט פון קעסטעלע, מיטאַמאָל גיט אַ פּאַל צו ס'סירל):
אוי, פאַרמאַכט האָט זיך דאָס הויז.
(קלאַפּט) עפן! עפן! כ'וויל אַרויס!

*שטייג:* פויגעלע, דו ביזט אַ נאַר,
שריי נישט, זיי זיך נישט מצער,
מאַך נישט אָן דיר קיין בייז בלוט,
ס'וועט ביי מיר דאָ זיין דיר גוט;
שפּייז וועסטו נישט זוכן מער,
נעסטן בויען אַזוי שווער,

ס׳וועלן פאַר דיר זאָרגן לייט,
עסן געבן צו דער צייט
און דו וועסט דערפאַר נאָר בלויז
פאַר זיי זינגען פון מיין הויז.

*שפּיל-פויגל* (קלאַפּט שטאַרקער און שרייט):
לאָז מיך, לאָז אַרויס מיך שוין!
כ׳וויל נישט דינען פאַר קיין לוין,
כ׳וויל נישט איבער מיר קיין הער.
פייגל! פייגל! קומט אַהער,
העלפט אַרויס מיר אויף דער פריי.

*שטייג*: ס׳איז בחנם דיין געשריי,
טוסט מיט דעם דאָך גאָרנישט אויף,
מער נישט, מאַכסט פון דיר אַ סוף:
פון דעם שרייען אָן אַ צאָל,
ווערט צושאַנדן דיר דיין קול.

*שפּיל-פויגל* (קלאַפּט און שרייט אָן אַן אויפ-
הער: „עפן, עפן", ביז ער פאַלט אין אָנמאַכט).

מיטאַמאָל קומען אָנצופליִען אַ מחנה פייגל.

*ערשטער פויגל*: זעט אַ פויגל איידל, צאַרט,
איז אין שטייג דאָ איינגעשפּאַרט,
לאָמיר אים באַפרייען באַלד.

*צווייטער פויגל*: וואָס איז דאָ ס׳געאייל, ס׳געוואַלט?
ס׳וועט אים נישט געשען קיין שלעכט.

*דריטער פויגל*: ווו איז יושר, ווו איז רעכט?
פייגל מוזן זיין זיך טריי.

מיר דאָ זענען אויף דער פריי,
פליען אינם הימל־רוים
און ער ליגט דאָ, זשיפּעט קוים.

*שטייג*: פליט אייך רויק זיך אַוועק.
זאָרגט נישט, ס׳איז אומזיסט אייער שרעק,
פעלן וועט אים נישט קיין זאַך.
עסן, טרינקען גאָר אַ סאַך,
זינגען וועט ער נאָר דערפאַר
און פאַרטרייבן מענטשנס צער.

דריטער *פויגל*: זעט חברים, זעט דאָס גליק,
פאַר אַ קאָרן, פאַר אַ שליק,
קוויקן מענטשן מיט געזאַנג
און דערפאַר אַ לעבן לאַנג
אין אַ שטייג געפאַנגען זיין,
ליידן צרות, ליידן פּיין.
הערט חברים, זאָגט אים ניין!
מיר ווילן אויף דעם נישט באַשטיין,
קעמפן וועלן מיר צוזאַם.
אַזאַ לעבן איז אַ סם,
אַזאַ לעבן פירט צוגרונט.

*שטייג*: הערט אים נישט, ער רופט צו בונט.

*שפּיל־פויגל* (כאַפּט זיך אויף):
פייגל, פריינט, איך בין פאַרביי,
העלפט אַרויס מיך אויף דער פריי.

*א פויגל*: שוואַכע פייגל זענען מיר
און אַ שווערע איז די טיר.

***דריטער פויגל:*** שטאַרקע זענען מיר, אַ קראַפט,
וואָס שטורמט, וואָס בויט, וואָס שאַפט.
נאָר מיר מוזן אין איין באַנד,
האַלטן שטענדיק זיך ביינאַנד,
דאַן איז יעדערער אַ העלד,
איבערקערן ר'קאָן אַ וועלט.

***זינג־פויגל:*** נעמט אָן מוט, מאַכט אויף די שטייג.

(קיינער רירט זיך נישט)

***דריטער פויגל:*** איר שטייט נאָך אַלץ און שווייגט?!
נישט געשראָקן, נישט געקלערט
ווערן מוז די שטייג צעשטערט.
קומט נאָך מיר, קומט דרייסט און שנעל,
פון דער שטייג געמאַכט אַ תּל.

לאָזט זיך דרייסט און פעסט צו דער שטייג, אַלע פייגל נאָך אים. זיי עפענען ס'טירל, דער זינג־פויגל לויפט אַרויס, דאַן קערן זיי אום די שטייג און צע־ברעכן זי, דערנאָך נעמען זיך אַלע צוזאַמען און זינגען:

***אַלע:*** האָבן מיר אַ יום־טוב היינט,
גרויס איז אונדזער גליק;
זינגען מיר און פרייען זיך,
אויף דעם גרויסן זיג.
פרייע פייגל זענען מיר,
מוזן מיר זיין פריי;
קעמפן שטענדיק וועלן מיר
קעגן שקלאַפעריי.



# באַן־שפּיל

די שפּיל גייט אַזוי צו: קינדער שטעלן זיך אויס אין א שורה. די ערשטע צוויי קינדער זענען דער לאָקאָמאָטיוו, די רעשט — די וואַגאָנען. בשעת די באַן איז אין באַ־וועגונג, ארבעט דער „לאָקאָמאָטיוו" מיט די הענט אַזוי ווי קאָלבן, וועלכע דרייען די רעדער.

*אַלע*: פּאַסאַזשירן קומט אַהער,
קומט אַריין דאָ, קומט וואָס מער,
פירן וועלן מיר אייך אַוועק,
אין אַ ווייטן, ווייטן וועג.
פאָרן, פאָרן אומעטום,
אין דער גאַנצער וועלט אַרום.

*א יינגל* (קומט אָן): בר־מצוה כ'בין געוואָרן,
וויל איך קיין וואַרשע פאָרן.
מען זאָגט פאַראַן איז דאָרטן
אַזוי אַ גרויסער גאָרטן,
ווו מ'זעט פאַרשידענע נייעס,
פויגל, פיש און חיות.

*א מיידל* (קומט אָן): איך בין צו דיר געקומען,
כ'וויל פאָרן צו מיין מומען.
מיין מומע שרה־יוטע,
אַ האַרציקע, אַ גוטע,
שיקט שטענדיק מיר מתנות,
כ'האָב ליב זי אַ סכנות.

*א יינגל* (קומט אָן): מיין טאַטע איז געשטאָרבן,
געפאַלן אַ פאַבריקס־קרבן.

געאַרבעט דאָרטן יאָרן,
ביז ער איז קראַנק געוואָרן.
ס'איז גרויס ביי אונדז דער דלות,
פון שטוב פאַרקויפט שוין אַלעס,
אַ שטיקל ברויט צו קויפן.
כ'מוז אין דער וועלט איצט לויפן,
אין מיינע יינגע יאָרן
אָן אַרבעט זוכן פאָרן.

מיטאַמאָל קומען אָנצולויפן
אַ מחנה קינדער זינגענדיק:

ס'איז פאַרמאַכט די שול,
שוין אַ יאָר פאַרביי,
פעריען האָבן מיר,
פון לימודים פריי.
מאַכן וועלן מיר
רייזעס אינם לאַנד
און באַזוכן איצט
יעדעס אָרט און קאַנט.

*איין קינד:* איך קיין זאַקאָפּאַנע.

*צווייט קינד:* איך צום ים קיין גדיניע.

*דריט קינד:* איך קיין ווילנע.

*פירט קינד:* איך קיין קראָקע.

*עטלעכע קינדער:*
מיר צו די וויעליטשקער זאַלץ-גרובן
א. אַז. וו.

*קאָנדוקטאָר:* איינשטייגן! מיר פאָרן אָפּ!

די פּאַסאַזשירן שליסן זיך אָן ביי די זייטן פון

די קינדער-וואַגאָנען, די לעצטע נעמען אָן די פּאַסאַזשירן בײַ די הענט און אַזוי אַרום שאַפט זיך אַ דרײַ-פּאַכיקע שורה. קאָנדוקטאָר גיט אַ צייכן. לאָקאָמאָטיוו פּייפט און הויבט אָן באַוועגן מיט די הענט. די באַן רירט, אין אָנפאַנג פּאַמעלעך און דערנאָך צעלויפט זי זיך וואָס אַמאָל שנעלער:

*לאָקאָמאָטיוו:* פּו... פּו... פּו... פּו... פּו...
פּו... פּו... פּו... פּו...
ס'איז מיין קעסל גוט געהייצט,
זידיק וואַסער אין מיר פּלייצט,
שיקט מיר צו אַלץ פרישן כּח.
פון מיין קומען זעצט אַ רויך.
אָנגעקניפּט וואַגאָנען לאַנג,
ציען נאָך זיך ווי אַ שלאַנג.

*פּאַסאַזשירן:* ס'פליט די באַן אַן אויגנבליק,
שניידט אַדורך די לופט, דעם ווינט.
רעדער קלאַפּן טיק-טאַק-טיק,
פעלד און וואַלד פאַרשווינדט, פאַרשווינדט.
ס'האַרץ פון גליק ווערט אָנגעקוועלט,
אַזאַ פרייד נאָך נישט געהאַט;
שיינקייט פיל פאַרמאָגט די וועלט,
ס'קען זיך ס'אויג נישט אָנזען זאַט.

איינציקווייז, איינציקווייז ווערט ס'לויפן זאַכטער און די באַן שטעלט זיך אָפּ. די פּאַסאַזשירן גייען אַוועק און ס'שפּיל קאָן זיך אָנהויבן פון אויפסניי.



טוטצט: ס. גרינבערג, וואַרשע, נאַוואַליפּיע 30, טעל. 11-39-23

